[illegible]

[illegible] 1925

# מעטעאָרן

א. ניסענזאָן

פארלאג „פעדער"
ניו יארק — 1925

# אין גרויען אַרכיוו.

זונליכט און שוואַרצע וואָלן,
שטומע, פֿאַרבראָכענע הענט; —
אין דעם געיעג פֿון די וואָלן
אונזער נשמה דערברענט.

קאַליקע, קאַרליק, צי ריטער,
אַלץ גייט דעמזעלביקן וועג, —
ציטער ניט, ברודער, ניט ציטער
אין דעם געיעג פֿון די טעג.

מענטשן און וועלטן און געטער
גייען אַוועק אין דער טיף;
בלייבן פֿאַרשריבענע בלעטער
ערגעץ אין גרויען אַרכיוו.

# אין נאַכטיקער שעה.

צושטעלט די ביינק אין אומאָרדנונג,
די טישן — אריבער'ן דיל;
וואָס טראַכטן די ביינק און די טישן דאָ
אין נאַכטיקער שעה אין דער שטיל?

די מענטשן אין ווינקלען צעוואָרפענע,
צוזאַמענגעקליבענע דאָ, —
די מענטשן, אָט דאָ, פון וואָס טראַכטן זיי
אין לייכטער, אין נאַכטיקער שעה?

עס מישן געדאַנקען זיך נאַכטיקע
מיט ניט־קיין־דערזאָגענע רייד, —
פון בעכערן — פולע און ליידיקע
אַרויס ווייגט די נאַכטיקע פרייד.

# שעה׳ן.

.1

שעה׳ן פון דער רו געפאנגענע,
שעה׳ן — צום פארגיין ;
טעג אין גארנישט ניט פארגאנגענע,
נעכט מיט זיך אליין.

וועלטן אומציילִיקע בויענדיק
שוועבן אין געדאנק. —
סודות [illegible] אליין פארטרויענדיק,
עפעם א פארלאנג...

.2

שעה'ן פייניקע, —
ס'וואַרט די נאַכט בא די טויערן,
און דער טומל וועט לאַנג נאָך געדויערן;
הויך אַריבער די קעפּ פון די מויערן
וועט דער אייביקער אומעט לאַנג טרויערן.

שעה'ן פייניקע, —
שפּילן פידלען און ס'הילכן טרומייטערן,
נעמען, דאַכט זיך, די גאַסן זיך ברייטערן; —
ניט איין העלד וועט נאָך יובלענדיק, שאַלנדיק
אויסגיין דאָ פּאַר אַ פרויען־קלייד פאַלנדיק.

שעהן'ן פייניקע, —
און דאָס האַרץ וועט זיך לייטערן,
און די בייזע געדאַנקען דערווייטערן,
אין דעם אומעט וואָס לאַנג וועט נאָך טרויען
הויך אַריבער די קעפּ פון די מויערן.

## קעניג איבער וועלטן.

נעכטן בלאָנדזשענדיק אין אָוונט
האָב איך דיך געפונען, —
הונדערט פריידן אויפ׳ן פּנים,
און אין הארץ — צען זונען.

הונדערט־טויזנט וועלטן זיינען
פאַר מיר אונטערטעניג;
איבער הונדערט־טויזנט וועלטן
בין איך איצטער קעניג.

אין אַן אָרים שטיבל וואוין איך,
ווייס דאָך עמיץ זעלטן
אַז דאָ וואוינט דער קעניג איבער
הונדערט־טויזנט וועלטן.

## פ ר י י ד.

.1

פענצטער, פייערן און שילדן;
פלאַטערדיקע פאָנען,
פלאַטערן דורך נאַכט און גאַסן
און אויף די באַלקאָנען.

קלאַפּן פּויקן ווילד און ווילדער,
דונערט דער טרומייטער;
און דער רויטער ווייַן אין פלעשער
ווערט אַלץ רויטער, רויטער.

האָבן זיך די גלאָקן ווילדע
פריידיקע צעקלונגען, —
האָבן זיך אין גאַס די שטיינער
שטומערהייט צעזונגען.

.2

האָט געטראָפן דאָס וואָרט ווי אַ דונער באַ נאַכט,
און צעטראָגן זיך ווייט, און צעטראָגן זיך ברייט;
איז פון היילן אַרויס די פאַרבאָרגענע פרייד
און אַוועקגעלאָזט זיך אין דער נאַכט.
און די מענטשן געוועקט, און אין גאַסן באַלייט,
און אין פויקן געקלאַפט און געבלאָזט אין טרומייט. —
ווער עס האָט יענע ליכטיקע פרייד ניט דערפילט,
האָט זיין אייגענעם לעבן פאַרשפילט.

# ברוינהויטיקע.

ברוינהויטיקע, —
דיך האָבן דורות לאַנגע אויסגעטראָגן,
דיך האָבן זונען גלוטיקע געוואָרימט.
זינט וועלט איז וועלט און מענטש איז מענטש,
האָט מען אין מעשה־ביכלאַך דיך באַשריבן,
און דיך אַראָפּגעשיקט אַהער
איך זאָל איין קוק נאָר טאָן,
און נאָך דעם אייביקייטן בייַנקען.

איך האָב שוין אין די ווילדעניש
פון דער שטאָט
אַ היבשע ביסל טעג אַריינגעשליידערט,
אַ היבשע ביסל נעכט אַריינגעהוליעט,
און האָב דאָך ניט פאַרהוליעט יענע בייַנקעניש
נאָך דיר,
וואָס דורות לאַנגע האָבן אויסגעטראָגן,
וואָס זונען האָבן גלוטיקע געוואָרימט.

ס׳קען זיין
אַז ערגעץ אין אַ ביליקן בורלעסק־הויז
פאַר בירגער פליכעוואַטע
און איין־פערטלדיקע קינסטלער
טאַנצסטו אַ האַלב־נאַקעטע איצט אויס
דעם ווילדן פייער־טאַנץ.
ס׳קען זיין
האָסט ערגעץ זיך מיט אַ הולטאַי,
וואָס טראָגט מיט זיך דעם עקל פון דער וועלט,
פאַרהוליעט.
אַזוי האָט זיך אַ קעניגין אַמאָל געשפּילט,
און האָט דעם גורל פון איר פאָלק פאַרשפּילט.
ברוינהוטיקע,
וואָס דורות לאַנגע האָבן אויסגעטראָגן,
וואָס זונען האָבן גלוטיקע געוואָרימט.

# אָוונט.

אָוונט, —
און ס'האָט זיך דאָס לעבן
ארויסגעלאָזט זוכן זיין קרבן.
און די, וואָס פאַרברייגנגען די יאָרן
אין צימערן איינגע און שטילע,
געלאָזט האָבן זיך אין די גאַסן
צו זוכן דאָס גליק, וועלכעס רוט בלויז
אין מעשיות און אַלטע לעגענדן.

אָוונט, —
און ס'האָבן זיך טירן
געעפנט אין גאַסן און געסלאַך,
און האָבן זיך האסטיק צעשפּיגן
מיט מענטשן פון אַלערליי ווינקלען.
געקוקט האָבן אויגן אין אויגן,
און דאָן אין דער טונקעלער ווייטקייט
וואָס האָט זיך אָן אויפהער געצויגן,
ווי ס'וואָלטן דאָס אַלע באַגערן
אַז איינער אַ גוטער, אַ ליבער,
וואָס ליגט אין דער ווייטקייט באַהאַלטן,
דאַרף קומען און ברייגנגען אַ טרייסט־וואָרט,
און צערטלען זיי אַלע, ווי קינדער.

אָוונט, —
און ערגעץ פון ווייטן
האָט ביינקענד אַ פליים זיך צעזונגען,
און וועקט זיי און רופט זיי און בעט זיי
אַוועק אין די העכערע וועלטן.

אָוונט, —
און ס'וועקן זיך שטומע
פאַרלאַנגען און שטאַרבן אין האַלב־נאַכט.

# די נשמה פונ׳ם יונגן דור.

עס האָט פאַרביינקט זיך די נשמה פונ׳ם יונגן דור,
די קעפּ ווי באַ די זקנים איינגעבויגן,
און ווייט און ברייט צעעפנטע די אויגן, —
עס האָט פאַרביינקט זיך די נשמה פונ׳ם יונגן דור.

און פרילינג קומט מיט זוניקע און לאַנגע טעג,
די ווינטערדיקע בלוטן היים צעגליט ער, —
דער יונגער דור, זיין ליד, ווי די פון שניטער
ביים לעצטן וויג פון סערפּ אין שפּעטע טעג.

עס האָט פאַרביינקט זיך די נשמה פונ׳ם יונגן דור,
אין שטורם פון די אומרואיקע צייטן, —
איך הער ווי ס׳רופט פון נאָענטן און ווייטן
די ביינקנדע נשמה פונ׳ם יונגן דור.

# זיג.

אויף יעדן דאַג אַ נאַכט־לאַנטערן,
אין יעדן הויז אַ פייער ברענט;
און פאָנען שימערירט אין פאַרבן
באַפּוצן אַלע ווענט.

אַט באַלד — און פויקן וועלן קלאַפּן,
טראָמפּייטן וועלן הויך און ברייט
דורך נאַכט און גאַסן ווייט צעטראָגן
דעם פאָלק׳ס איבערפילטע פרייד.

אַט באַלד — און ס׳וועלן די אַרמייען
אַריינמאַרשירן אין דער נאַכט —
עס האָט דעם זיג פון פאָלק צעקלונגען
די אייזן־האַנט, וואָס האַלט די וואַכט.

# עפנט אויף די טירן.

.1

עפנט אויף די טירן אַלע,
עפנט אויף די טויערן;
דיזן־וועגט וועט ער צעוואַרפן,
ברעכן וועט ער טויערן.

עפנט אויף און זאָל ער קומען
פון די ווייטע־ווייטן, —
וועט ער ווערן אונזער קעניג
ווי אין יענע צייטן.

האָבן מיר געבייינקט ווי קינדער,
און געבענשט זיין נאָמען, —
ער וועט קומען, קומען, קומען,
אמן, אמן, אמן.

.2

איבער וועלדער, טייכן, ימ׳ען
וועט ער אונז איבערפירן;
אונזער הימל, זון באלייכטן,
אונזער ערד מיט גרינס באצירן.

אונזערע טייכן וועלן ווידער
זיך צעלאזן פריי און מונטער, —
פון א קלארן הימל לויכטן
וועט א העלע זון ארונטער.

אונזער יונגווארג וועט זיך ווידער
אינ׳ם גארטן־טאנץ זיך בוינן;
מיידלאך מיט פארפלאמטע באקן,
בחורים מיט טיפע אוינן.

וועלן קליין און גרוים אים בענטשן,
וועלן קליין און גרוים אים לויבן;
ער וועט אונז אריבערפירן,
ער וועט ווידער אונז דערהויבן.

# אינמיטן העלן טאָג.

מאַכט זיך אָפּטמאָל
אינמיטן העלן טאָג
צעקלינגען גלאָקן זיך אין שטאָט,
צעזינגען נאָנעס זיך אי העל, אי ציטערדיק;
אין ווילדן טומל פון פאַבריקן־פּייפעריי,
אין זומעניש און יאָגעניש
דראַפּען זיך קאַרליקלאַך — אַרויף — אַראָפּ
און הערן ניט: —
אינמיטן העלן טאָג
איבער טורעם־שפּיץ,
איבער באַן־געבראַזג
און ליגן־זאָגעניש,
צעקלינגען גלאָקן זיך,
און קלינגען אויס
די נישטיקייט פון אַלץ,
פון גאָר דער וועלט. —
עס מאַכט זיך אָפּטמאָל
אינמיטן העלן טאָג
צעקלינגען גלאָקן זיך
צעזינגען נאָנעס זיך.

# גרויער אומגליק.

פאַר מיין פענצטער וויינט דער גרויער אומגליק,
באַ מיין שוועל אַ מידער ליגט דאָס גליק;
איך אַליין — אין עוועניוס און גאַסן
ווי אַ גרויער טאָג — אהין, צוריק.

טעג פון זונשיין גייען מיר פאַרלוירן,
און די אָוונטן פאַרליר איך אויך;
גאָרנישט האָב איך, וואָס עס זאָל מיך ווען דערפרייען,
חוץ דעם לייכטן פּאַפּיראָסן־רויך.

גאָרנישט האָב איך, וואָס עס זאָל מיך ווען דערפרייען;
עוועניוס און גאַסן, טייך און בריק, —
זוך איך אין די גאַסן נייעם אומגליק,
זוך איך אין די גאַסן נייעם גליק.

# די משוגעת פון שטאָט.

צינדט אָן די לאָמפּן! גיסט אָן דעם ווייַן!
עס האָט דערגרייכט צו מיר די משוגעת פון שטאָט;
די ווילדע, ווירבלדיקע פרייד פון שטאָט
האָט זיך צעצונדן אין מיין בלוט.

איך האָב פארלוירן גאָרנישט ניט און ניט געפונען אויך,—
טאָ וואָס־זשע פעלט מיר, וואָס? — איז גוט אַזוי און וואויל; —

צינדט אָן די לאָמפּן און גיסט אָן דעם ווייַן,
די שטאָט האָט זיך צעצונדן אין מיין בלוט.

# אוונט.

אוונט. שטייען בילדער אויף פאר מיינע אויגן,
צינדט מיין בלוט אין מיר זיך אָן און ברענט, —
איצטער וויל איך קיינעם ניט דערקענען
קיינעם ניט דערציילן וואָס און ווען;
פאר מיין אויג א וואונדער איז געשען,
האָט מיין בלוט אין מיר זיך ווילד צעזונגען:
דו, מיין ניט־דערטרוימטע, דו...

אוונט. שטייען בילדער אויף פאר מיינע אויגן,
בילדער אַלטע און פארנעבלטע פון ווייט;
בילדער אַלטע, בילדער וואונדער־שיינע, —
און דער אוונט גייט און ס'ברענט מיין בלוט, —
זע איך גאָרנישט ניט, איך זע נאָר איינע:
דו, מיין ניט־דערטרוימטע, דו...

אוונט. פון די טיפע קעלערן און זאַלן
טראָגן זיך געזאַנגען הויך און ווילד;
זינגט די שטאָט אַן אָנגעצונדענע אין פלאַמען,
ברענט מיין בלוט און זינגט, און אַלץ צוזאַמען
זינגען, זינגען:
דו, מיין ניט־דערטרוימטע, דו...

# מינועט.

ציגד אָן דעם לייכט־טורעם און ווייז וואוהין, —
איך האָב פארפלאָנטערט זיך אין נעצן פון מיין
אייגענער וועלט.
עס האמערט ווילד דער שטאָל־און־אייזן־ריז,
און האמערט אין מיין בלוט אריין
דעם ריטם פון דעם שטאָלענעם געקלאנג.
אָט, אָט, און ס׳וועט דער לעצטער אָטעם פון מיין איך
פארגיין,
און איך פארבלייב — ניט מער —
א קאלטער אָפּקלאנג פון דער שטאָלענער מוזיק,
א טאָן אין ריזיקירנדיקן שפּיל פון ווילדן ריז,
אָן עכאָ אין האלב־נאכטיקן געשריי נאָך הילף,
א בלויזער שאָטן אין מיין וועלט.
ציגד אָן דעם לייכט־טורעם און ווייז וואוהין,
איך האָב פארפלאָנטערט זיך אין נעצן פון מיין
אייגענער וועלט.

# געקלאַנג פון טאָג און נאַכט.

אַ, ווילדער, שטאָלענער געקלאַנג פון טאָג און נאַכט!
אַ, ברוינער ריז!
דו, גאָט פון קאַלטער רואיקייט און מוסקוליסטער קראַפט!
איך טאַנץ מיט דיר צוזאַמען איצטער אויס
דעם טאַנץ פון רואיקייט
אויפ'ן קבר פון מיין יונגער פרייד.
איך האָב פון פעלד און וואַלד,
פון בארג און טאַל
געבראַכט צו דיר מיינע חלומות,
און זיי אוועקגעשיינקט
אַ קרבן
צום גאָט פון מוסקוליסטער קראַפט,
און מערקווירדיקער רואיקייט.
איצט בין איך בלויז אַ שטיק פון דיר,
און טאַנץ מיט דיר צוזאַמען אויס
דעם טאַנץ פון רואיקייט
אויפ'ן קבר פון מיין יונגער פרייד.

# הער אויף.

הער אויף !
עס וועט דאָס שפּיל סיי ווי זיך ווידערהאָלן.
די נאַכט וועט גיין צום טאָג,
דער טאָג צו נאַכט וועט קומען ;
דער אָדלער אויף דעם פויגל וועט נאָך לויערן,
עס וועט דער לייב דאָס פוקסן-פלייש נאָך פרעסן ;
און דו וועסט ניט איינמאָל נאָך אויסשטרעקן די הענט
אין ביינקעניש נאָך אַן אומבאַקאַנטן נאָמ.

# מאָדנע.

.1

מאָדנע, —
איך — אַ מענטש אַן אַלגעטלאָכער,
וואָס גייט עטלאָכע מאָל דורך דער וואָך
אין קינעמאַטאָגראַף,
אין וואָדעוויל,
אין בורלעסק,
האָב זיך פאַרביינקט
נאָך דער — נאָך יענעם טייל פון מיין איך
וואָס וואַנדערט אַרום פון איין אָרט צום צווייטן,
און צאַפּלט זיך אין שטילן בין השמשות,
און פרייט זיך ביז'ן העכסטן עקסטאַז
ביים מינדעסטן פליטער־פלאַטער פון דיין קלייד;
און טרויערט אין דער קלענסטער אַפּוועזנהייט דיינער.
פון אַלע זייטן צינדן זיך פייערן,
בלויע, רויטע;
פון טשאַפּ־סואי פענסטער
הערן זיך מאָנאָטאָנע טענער פון כינעזישע ראָמאַנסן;
אין די קעלערן — רעגטיים־לידער,
פון אַנ'אַנדער זייט קלויסטער־גלאָקן,
אלול־מעלאָדיען. —
און איך — אַ מענטש אַן אַלטעגלאָכער,
אַ פּשוט'ער,
מיט אַלטעגלאָכע פאַרלאַנגען,
האָב זיך פאַרביינקט
נאָך דער — נאָך יענעם טייל פון מיין איך
וואָס דערפרייט זיך באַם מינדסטן פליטער־פלאַטער
פון דיין קלייד,

און טרויערט
אין דער קלענסטער אַפּוועזנהייט דיינער.

2.

איך בין געזעסן אין רעסטאָראַן,
און דורך מיין קאָפּ האָבן זיך געטראָגן
יאָרהונדערטער — — —
ביזט אריינגעקומען,
און איינער האָט אונז באַקאַנט,
איך האָב זיך לייכט פאַרנייגט.
דיין פּליטער־פּלאָטערדיקער בליק
האָט מיך דורכגעדרונגען. —
און איך — אַ מענטש
וואָס טראָגט אין זיך חלומות פון דורות;
איך — דאָס פאַרגיין פון דאָס אַלטע,
איך — דער אָנהויב פון דאָס נייע,
איך — וואָס האָב דיך אויסגעטראַכט,
אריינגעבלאָזן אָטעם אין דיר,
און דיך אַ טייל פון מיין וועלט געמאַכט, —
איך האָב זיך פאַרלוירן, —
מאָדנע.

# אינוואַלידן.

דאָס לעבן האָט האַסטיק געשפּאַנט איבער די גאַסן,
און איבערגעלאָזן הינטער זיך צעבראָכענע אינוואַלידן.
ביידע זיינען זיי געגאַנגען
אין דעם טומל פון דעם זיך־אַמוזירנדיקן עולם
באַגאָסן מיט אויסגעלאָסענעם רייץ פון עלעקטריציטעט.
ער האָט גערעדט פון ניטשע'ן און וויינינגער'ן,
פון סאָקראַט'ן און פון ווירגיל'ן.
זי האָט באַמערקט:
—ווי פריילאַך עס איז איצט אין לונאַ.
ער האָט פאַרטגעזעצט וועגן יוליוס צעזאַר און
ווילהעלם טעל. —

זיי זיינען געגאַנגען צום ברעג ים.
דער ים האָט גערוישט, און דערציילט
פון דורות אומגעקומענע
און דורות ניט געבוירענע,
און פון דער גרויסער לאַנגווייל פון דער וועלט.

# דיאַנאַ.

ווער האָט אין דיינע אויגן אָנגעצונדן
דאָס ברוינע פייערל ? —
דאָס דערמאָנט מיך
אָן דעם נר תמיד
וואָס פלעגט ברענען אין ווינקל פון בית מדרש.
דיאַנאַ. —
פאר וואָס קוקט דאָס פייערל אין דיינע אויגן
אזוי מאָדנע בייז ?
און פארוואָס האָסטו פלוצלינג
דערמאָנט זיין נאָמען ?
ער מוז זיין אן אטלעט,
זעקס פוס הויך,
און מוז ריידן פון לונאַ,
דער וואַסער־קאָפּ.
דיאַנאַ. —

# אָוונטיקע שעה׳ן.

אָ, זיסע מידקייט פון אָוונטיקע שעה׳ן! —
עס גרויען טעג און גרויען און פארגרויען,
און לאָזן איבער אויף דיין וועג עראינערונגען ווייטע, —
און דו מיין נאַכטיקע, און דו מיין ווילד־פארשייטע,
דיך זע איך שטיין אינמיטן פון מיין פרייד און פון
מיין טרויער,

אָ, זיסע מידקייט פון אָוונטיקע שעה׳ן! —
עס שוימט דער כוס אריבער זיינע ברעגן, —
די לענדער און די פעלדער און די וועגן
וואו ס׳פּאַכט די שווערד און ס׳קלינגען באיאָנעטן,
און דער טראָמפּייט, וואָס רופט דאָס פאָטערלאַנד צו רעטן,
זיי שוועבן פאר מיין אויג און הויבן אָן ניט ווערן,
און דורכ׳ן פענצטער זעסטו דאָרט אריינשיינען די שטערן
אזוינע בלויע, לויטערע אין אָוונט איג׳ם גרויען,
און ס׳דאַכט זיך דיר, אז דו ביזט אין א וואונדערלאַנד
פארפאָרן. —

עס רוישט די וועלט, און דו ביזט מיד געוואָרן,
נו, זיצסטו דאָ ביים שוימענדיקן וויין אין אָוונט־שעה׳ן, —
אָ, זיסע מידקייט פון אָוונטיקע שעה׳ן!

# ברודער מיינער.

רייד ניט, ברודער מיינער; רייד ניט, ברודער מיינער.
לאָז דעם אָוונט
גאָלדיק שפּרייטן זיך, פאַרשפּרייטן
פאַר מיין בלויען אַבאַזשור־ליכט,
און אין מיר.

ס'איז מיין הויז געווען מיט שטרוי באַדעקט,
טרוקן שטרוי.
האָט דאָס שטרוי זיך אָנגעצונדן;
זיינען זיי געקומען
ווי פון ווינקלען מייז,
אָנגעפרוירענע קינדער פון דער וועלט,
זיך געוואַרימט בא די פלאַמען פון מיין הויז,
און אַנטלאָפן.

רייד ניט, ברודער מיינער; רייד ניט, ברודער מיינער.
כ'בין אויף וועגן אומגעגאַנגען, אומגעבלאָנדזשעט,
אויף די וועגן שטיקער גאָלד פאַרלוירן;
האָבן זיי דאָס גאָלד געפונען,
האָבן קרוינען אויסגעפלאָכטן.
לויכטן קרוינען מיינע קרוינען
איבער וועלט און מענטשן;
איך — אַ בלויען אַבאַזשור־ליכט
האָב זיך אָנגעצונדן.

רייד ניט, ברודער מיינער; רייד ניט, ברודער מיינער.
לאָז דעם אָוונט גאָלדיק שפּרייטן זיך,
פאַרשפּרייטן — — —

# וואקכאנאליע

וואקכאנאליע, —
עס פייערט דאָס באפרייטע פאָלק זיין זיג
מיט בלוט.
זיי האָבן אויף מיין שטערן אויסגעברענט
א צלם,
און מיך געבראַנדמארקט פאר דער וועלט.
מיט פאקלען אין די הענט.
טאנצט די יוגנט זייערע ארום מיר,
און זינגט:
— הייליקער יעזוס! —
און אריבער דער גאנצער אימפעריע
קלינגען די גלאָקן פון קלויסטערס,
זינגען די גלחים:
— צלמים, צלמים . . .

נאַראָנים, —
איר ווייסט ווער מיינע עלטערן זיינען? —
עקיבא,
און הלל,
און שמאי,
און מתתיהו.
און איך בין זייער שטאָלצער זון
וואָס קומט דערטראָגן זייער חלום
ביז צום סוף.
מיין בלוט האָט ווייו און סם;
מיין וואָרט איז מיליאָנען־שווערדן שארף;
איך קום אין בלוט פארגיין,
און נאָכדעם אין דעם בלוט
געבוירן ווערן.

איך האָב געלאָזן מיינע שפורן איבעראל;
און וואו איך שטעל א פוס
דאָרט וועט איר מיך געפינען.
איך בין ווי יענער קוואל
וואָס קיינמאָל טריקנט ער ניט אויס.
איך בין ווי יענע שלאנג מיט דרייצן קעפּ,
בא וועמען ס׳האקט די שווערט איין קאָפּ אראָפּ,
וואקסט באלד א צווייטע אָן.
בלויז אין מיין זכות
האָט איר דאָס ליכט פון טאָג דערזען;
און איך האָב אָנגעצייכנט אייער וועג
צום אונטערגאנג! —

## דו.

מיט לייכעס און וואונדיקע לייבער,
מיט חרוב'ע דערפער און שטעט,
האסטו זיך דיין באָדן באפעסטיקט,
האסטו דיין נעלענער געבעט.

און פוילן וועסטו ווי די קערפערס
פריצייטיק באגראָבן אין ערד;
עס וועלן אין שלאָף דיך דערשטיקן
די אידישע פאות און בערד.

דיין קינד וועט דיר שפייען אין פנים,
און ס'וועט דיך פארשילטן דיין ווייב;
דו וועסט מיט די אייזערנע ריטער
צעבייטשן דיין אייגענע לייב.

ווייל איך האָב בא דיר אין צוקאָפּנס
דעם מלאך המות געשטעלט;
ווייל איך בין נעקומען אהערצו
צו צינדן דאָס ליכט אף דער וועלט.

# ריטער

ריטער, וואו ביזטו, — קלאפּ אָן אין דער וועלט! —
מיר זיינען דאָך באַלד שוין פארשימעלט געוואָרן;
עס האָבן אונז קרענקלאַכע מאַמעס געבאָרן,
קרענקלאַכע קינדער געבראַכט אויף דער וועלט.

קרענקלאַכע קינדער געשמיטע אין קייטן,
דריקן די קייטן די לייבער ביז בלוט;
איבער אונז סוויסטשעט די אייזערנע רוט, —
טאַנצן מיר — קלינגען די קייטן.

קלינגען די קייטן און ס'שיטן זיך רענדלאַך,
וואַקסט איבער אונז אויס א גאָלדענער ריז,
טאַנצט איבער אונז אין זיין ווילדן קאַפּריז,
קלינגען די קייטן און ס'שיטן זיך רענדלאַך.

זיינען מיר קלענער ווי גראָז אפ'ן פעלד,
שטעכן זיך איינער דעם צווייטן די אויגן, —
פּנים'ער בלייכע און רוקנס געבויגן, —
ריטער! קלאַפּ אָן אין דער וועלט! —

# לאַנגווייליג

ס'איז לאַנגווייליג ברודער? — העי, העי, ניט פאַרגעס,
אַ מאַנספאַרשוין ביזטו, אַ ריטער;
נעם, קויף זיך אַ פּייקל און פּייקל זיך אויס
דאָס ליד פון דעם בייזן געוויטער.

נעם, קויף זיך אַ פּייקל און פּייקל זיך אויס
דאָס ליד פון די בת מלכות זיבן,
וואָס איז דיר פון זיי בלויז דורך טעג און דורך נעכט
אַ ליכטיקער חלום געבליבן.

עס וועט דער קאַפע־זיצער דאָ בײַ דײַן זײַט
זײַן שימלדיק האַרץ זיך דערפרייען, —
דער בירגער וואָס זיצט ביי דעם צווייטן עק טיש
וועט לאָזן אַ האָפּקע זיך דרייען.

די צנועה וועט וויינען און וועט פאַר געוויין
די ליכטיקע אויגן פאַרמאַכן, —
די זונה וועט קרימען דאָס עקלדיק מויל
איראָניש און פּלאַצן פון לאַכן.

און דער וועלכער דרעמלט זאָל דרעמלען פאַר זיך,
און דער וועלכער וואַכט, זאָל ערוואַכן, —

נעם קויף זיך אַ אַ פּייקל און פּייקל אַריין
אַז גאָט זאָל זיך אויבן צולאַכן.

# אָרגיעס

ווילדע אָרגיעס דרייען זיך ארום מיר.
קינדער ליאַרמען; מאַמעס רירן זיך פון זינען
שטרעקן אויס די הענט צו מיר,
און בעטן הילף.
איך בין מאַכטלאָז.
מיט דער בלוט־באַרוישטער וואַקכאַנאַליע
מוז איך זיך אליין צו קבורה פירן.
מוז איך שרייען צו די געטער:
— איך גיי אונטער!
— איך גיי אונטער! —

# וואילדע יונגען

אלט געוואָרן זיינען אלע וואוילדע יונגען.
זיצן בא די פייערן;
רויכערן די ליולקעס צו די גרויע נעכטנס,
ציען מיט די אקסלען צו די נייע צייטן.
ס'האָבן ווייטע מאָרגנס
שווארצע מחנות אויסגעשפּיגן.
נעכט־סקעלעטן טראָגן
שטיעקר אלטע דורות.
ס'איז דער מארש א ווילדער.
נעכט־סקעלעטן מיט די פּיס געליימטע
הויבן זיך צום טאַנצן
פאר די מידע אויגן
פון די וואוילדע יונגען. —
אלט געוואָרן זיינען אלע וואוילדע יונגען.

## געטער דריי — דריי מתים

נעכטן, היינט און מאָרגן,
געטער דריי — דריי וועלטן,
היטן דעם ארייננאנג
צו די אַלע דורות.

נעכטן ליגט — א הויקער,
שפּייט מיט בלוט פון הארצן;
אָט, אָט, און ער שפּייט אויס
דאכט זיך די נשמה.

היינט זיצט און בארימט זיך:
איך בין האר פון וועלטן;
אין מיין העלן זונשיין
לעבט א דור א שטארקער.

מאָרגן זיצט באם שפּיגל,
פּוצט זיך ווי א מיידל,
גרייט ארייַנצושפּרינגען
אין געליבטענ׳ס אָרעמס.

טוט א דור א צי אויס
ביינערדיק א פינגער,
בלייבן באם ארייננאנג
געטער דריי — דריי מתים.

# מיר — די קינדער.

עס האָבן ברייטע פעלדער, פרייע ווינטן אונז געבוירן ;
פרייע ווינטן, — פרייע קינדער פון די סטעפּעס ;
ווינטן־ברידער, ווינטן־שוועסטער, אומרו וועלטן,
ברייִנגען זאַווערוכעס, רייסן זיך צו עפּעס.

האָט די ערד מעטאַלן — אייזן, שטאָל און קופּער ;
האָבן קינדער אָרעמס — שטאַרקע, אָדלער־פליגל ;
הויבן אָדלער־פליגל אָן זיך צו באַוועגן,
הויב זאָן צו פאַלן ציגל אויף אַ ציגל.

הויבן אָן צו ברענען פייערן אין קעסלען,
הויבן אָן מעטאַלן אין די קעסלען זידן ;
נעמען קלינגען האַמערס און קאָוואַדלעס זינגען, —
פרייע סטעפּעס־קינדער, פרייע גייסטער שמידן.

פריי גייסטער וואַקסן — קובן אין די הויכן,
איבער לאַנגע בריקן נעמען באַנען מענער ;
דאָס געזאַנג פון וועלטן, פרייע סטעפּעס־ווינטן,
ווערן אין קובן איינגעשרומפּן, קלענער.

מיט אַ בייטש פון פייער ווערט דער ריז געבוירן,
אויף זיין ברוינעם קערפּער מיליאָנען אויגן ;
זינגט די בייטש די לידער פון די פרייע גייסטער,
איבער גייסטער־קינדער רוקנס איינגעבויגן.

# איך — דער דאָן-קיכאָט

כ'האָב באַפוילן מײַנע דינער און די ווינטמילן צעשטערט,
און די ערד אויף דער ערד געטורעמט, אויסגעטורעמט
און מיט גראַבאײַזנס צעגראָבן האָבן זיי די מאַמע־ערד;
גרויס און הויך,
שווינגען, זינגען אין די לופט ווינטמיל־טורעם־רויך.

כ'האָב דעם מאַרק פון ערד געהאַמערט און גענאָסן אין מעטאַל,
אויסגעגאָסן גלאָקן־ריזן און צעהאַנגען איבעראַל;
זאָלן גלאָקן שווינגען, זינגען דאָס געזאַנג פון ערד,
ווי דאָס ליד פון בלוט פון רויטן זינגט דער שפּיץ פון שווערד.

טורעם־רויך און ווינטמיל לידער איבער שטאָט און לאַנד,
ווירבלט אויס פון מאָרגן־רויטקייט אַ געהיימע האַנט;
מאָרגן־רויט און אוונט־זילבער אין געשריי פון שטאָט,
טרויער איך פאַר צוואַנציק דורות, איך — דער דאָן קיכאָט.

הענט און לידער קעגן ווינטמיל שווינגען אין געפעכט;
זינגען בוימער און באַגרעבערס דורך די טעג און נעכט;
אויף אַ זילבער־פליט דער חכם פליטלט פון נים־זיין,
טורעם־רויך־און־ווינטמיל־לידער אין דער וועלט אַריין.

# קאַראַהאָד

ס'איז ניט די שטאָט, וואָס וויינט ווי אַ צעררייצטער
לייב אין פעלד,
וואָס קען די ניט־דערפילטע ווילנס ניט פאַרווינן;
דאָס האָט זיך דאָס צעביינקטע בלוט אין אונז צעשרינן
צו אַלע עקן פון דער וועלט.

באַ אונזערע שוועלן ליגט דער אָפגרונט פון דער צייט,
וואָס שרייט אין אונז דורך אונז צו איינעם וואָס דאַרף הערן;
מיר אויסגעלייטערטע פון זיין און גרייט פאַר דעם ניט־ווערן
וואָס שווינגען טעג און נעכט אריין אין ווסטער־אייביקייט.

פון אונזערע רעגעס וויינט אַרויס דער גלגול פון אַ וועלט,
וואָס איז ווי מיר אי אַלט, אי נײַ, אי גלוּביק, אי אומגלוּביק;
ס'איז קינ'ס בלוט אין אונז, וואָס שרייט פון אייביק און
ביז אייביק,
ווי אַ פאַרלוירענער דער ווירבלווינט אין פרייען פעלד.

און אין דעם אָנגעזיכט פון אַן אַנטוישטן וואַנזיניקן גאָט,
טאַנצט ליכט מיט פינצטערניש אַ קאַראַהאָד.

# מוסאַמאַט

מוסאַמאַט, אין אונזערע גלידער איינגעפלאָכטן ליגט דיין אומרו,
אויסגעמישט מיט גלאַנץ פון קופער און געזאַנג פון בלאַנקן אייזן, —
אויף די פּנים׳ער פון יונגען קריצט דיין נאָמען שאַרפע קנייטשן,
בויגט ווי פולע קאַרן־זאַנגען, בויגט און זילבערט קעפּ פון גרייזן.

מוסאַמאַט, בײַ דיינע שוועלן מיליאַנענווייז די יאָרן
ליגן ווי אין שפּעטע הערבסטן אויסגעטריקנטע סעזאַמעס;
בײַ דיין טויער טויטע געטער ווײַנען דאָס געוויין פון וועלטן
ווי אין וויסטע נעכט די קינדער בײַ די ברוסטן פון די מאַמעס.

מוסאַמאַט, אין אונזערע בלוטן ווײַנט דער טרויער פון ניט ווערן
ווי די קופּערנע מטבעות אויפ׳ן בעטל־טאַץ פון בלינדן;
דאָס געזאַנג פון טויטע האַמערס אויף די ברוסטן פון מעטאַלן
איז דאָס ליד פון גרויסן אימפּעט בײַ דעם אָנהויב פון פאַרשווינדן.

מוסאַמאַט, אין ווילדן אומקום שרייט דער אינגסטער פון די דורות,
אין דעםווירבל פון ניט־ווערן, אין דעם פייער־פלאַם פון ווילן; —
זאָל דיין גורל זיין ווי זיינער בײַ די אָפּגרונטן פון צייטן,
זאָל דיין האַנט זיך מער, ווי זיינע, מיט דעם פייכטן ליים ניט שפּילן.

# דאָס גאָלד פֿון שטילער אײנזאַמקײט

אין קופּער־שטויב פֿון שטאָט, אין פּוסטע רייד און לויב
האָב איך דאָס גאָלד פֿון שטילער אײנזאַמקייט געשליפֿן, —
די טעג און נעכט ווי ניט־פּאַרטייטשטע הירעָגליפֿן
צעשאָטן האָבן זיך אין דינעם גאָלדענעם שטויב.

דאָס ליכט און פֿינצטערניש פֿון ניט־גלויב און פֿון גלויב
גייט אויף פֿאַר אונז — די קונציק־אויסגעטראַכטע מיפֿן,
וואָס ווינען זיך אויף זיין־און־ניט־זיין כוואַליעס ווי די שיפֿן
אין זינגענדיקן אומקום פֿון דעם שטורעם־שטויב.

געזאַנג צום אייביקן; געשריי פֿון בלויזן היינט,
אין תאווה'דיקן גלי־שגעון פֿון געבערן;
מיט ליכטיקע אַמאָלס ווי זילבער־שטויב פֿון שטערן
די שפּעטער־פֿינצטערניש אויף אונזערע לעבנס שיינט;

און מיר — די גרויס־געדאַנקען פֿון אַ קינסטלער גאָט,
מיר שלייפֿן אויס די לויטערע אײנזאַמקייט פֿון שטאָט.

# דערוויילעקייט

שפּאַן איך מיט ריזן־טריט,
ווי אַ יונגער זיגער,
צו די זוניקע פרימאָרגנס,
וואָס עס וועט דער באַרג פון צייטן
אויסשפּייען אויף מיר.
אונטער מיינע פיס
וויינען שטיינער,
וויינען צייטן, —
רייד, דערציייל אונז פאַר דער וועלט.

בעטן זיך די גאַסן:
צו די וועגן ציען מיר זיך,
און די וועגן צו די ווייטן;
קוקן מיר, און מיר דערזעען,
הערן מיר, און מיר פאַרנעמען,
דאָס נעזאַנג פון נעכטנס־זקנים,
און דעם ציטערדיקן פלאַטער
פון די אינגלינגען, די מאָרגנס, —
זיי די צונג וואָס זאָל אונז ריידן,
זיי דאָס קול וואָס זאָל אונז שרייען
פאַר דער וועלט.
ווינטיקן אויס די ווינטן,
ווייטיקן אויס די ווינטן:
מיר האָבן דערגרייכט אין אַלע ווינקלען,
פון אַלע דורות און אַלע צייטן;
פון פאַר דער וועלט ביז דעם לעצטן דור,
און אַליץ געזען, און אַליץ געהערט,
ווי עס האָבן שפּין־געוועבן
זיך פאַרפּלאָנטערט מיט'ן לעבן;
ווי ס'האָט זיך דערנאָך דאָס לעבן
אויפגעלייזט אין שפּין־געוועבן.
וויין אונז אויס צו אַלע געטער,
ווייטיק אויס אונז פאַר דער וועלט.

שוואַרצן נעכט די פרימאָרגנס,
זוניקן מאָרגנס די נעכט.
זו זאַון שוואַרצע מרה שחורה
שרייען צו מיין וועזן:
מיר זיינען מיר שוין געוואָרן
אייביק אייביקייטן בויען;
האַלט אונז אָפּ פון אונזער איספּעט
באַרג אַרויף און באַרג אַרונטער;
טרויער אויס אונזער ניט־ווערן
פאַר דער וועלט.

שטעל איך זיך אָפּ אויף מיין געיעג
נאָך די מאָרגנס און נאָך די טעג,
און זילבער אויס צו דער ווייסער וועלט
דאָס געוויין פון אַלע ווינטן,
דאָס געשריי פון אַלע וועגן;
פון די נעכט די מורה שחורה׳ס,
און די זוניקייט פון מאָרגנס,
דאָס געוויין פון אַלע צייטן,
טרויער פון די אייביקייטן.

איבער אַלע זוניקע פרימאָרגנס,
איבער אַלע מורה שחורה׳דיקע נעכט,
איבער׳ן געוויין, געבעט, געשריי
פון נאַסן ווינטן, צייטן, אייביקייטן,
הילכט דאָ סאַינגעווייד פון וועלט
אין דעם האַמערן פון באַגעגן,
אין דעם פייפן פון די קוימענס,
דאָס נצחון־ליד
פון דער דערוויילִיקייט.

# שעה׳ן טאַנץ

אַנגעצונדענע טורם־שפּיצן
ווי די מעטעאָרן ;
אויסגעפורמטע שגעונס
פון די אַלע יאָרן ;
זינגען אויס דאָס ליד פון גאַרנישט
ווי אין גייסטער־כאָרן.

פון מיראַזשן ווערן דורות,
און צוריק מיראַזשן ;
דאָס פאַרגענגליכקייט אַ שטאָלצע
פּאָרט אויף עקיפּאַזשן ;
קלינגענדיק אין דינע גלעקלאַך
פּאָרן נאָך די פּאַזשן.

ס׳הויבט די פּראַצע מוסקולירטע
ריזן־הענט צום שמידן ;
וואַקסן אויס ווי נאָך אַ רעגן
גרויסע וועלט־יאַרידן ;
קוקן שטומע צו און וויינען,
געטער־אינוואַלידן.

פּרעהיסטאָרישע געשטאַלטן,
גייסטער פון די וויטן ;
אַלטע וועלטן — נאַכט־גלגולים
פון די בלינדע צייטן,
ווי די אַלטע מכשפות
אויף די שטעקנס רייטן.

ציען הענט די גלאָקן־צונגען,
און די גלאָקן קלינגען ;
אָפּגרונט האַלט די מיילער אָפן,
גרייט די ערד פאַרשלינגען ;
אָנגעלאָדענע אייביקייטן
מתים־לידער זינגען.

# אונזערע וועלטן

אונזערע וועלטן — טיפע ים'ען
איינגעפלאסטערטע אין מויער ;
ים'ען שלינגען איין די שיפן,
וועלטן שלינגען איין דעם טרויער.

אונזערע לעבנס — בערג פארלאנגען
איינגעצאמט אין אייזן־שטייגן ;
בערג פארנעמען אלץ און ווארטן,
לעבנס פילן אלץ און שווייגן.

אונזערע שעה'ן — קלעפ פון זייגערס,
ווייזער דריי, סקעלעטן־דינגען,
ווי די צירק־אקראבאטן
טאנצן, דרייען זיך און שפרינגען.

אבער ים'ען קענען זידן,
ס'קענען בערג מיט לאווא שפייען, —
אונטער ים־און־בארג־געטומל
בויגט זיך איין די וועלט אין דרייען.

# פנים׳ער ברוינע

פנים׳ער ברוינע און לייבער צעשמיסענע;
אייערע בליקן מיט טרויער פארשטעלט;
הענט און קולאקעס, און ליפּן פאַרביסענע,
קוקט איר אַרויס אויף דער וועלט.

שטומע — דאָס שווייגט דאָך א לייב א דערצאַרנטער
אין א פאַרשלאָסענעם שטייג:
עי, זאָל זיך היטן דער לאַנג־שוין געוואָרנטער! —
עס שאַרפט זיך שוין לאַנג דאָס געצייג.

ס׳האָט שוין גענומען דער ים צו פאַרשפּרייטן זיך
איבער דער פלאַך פון דער ערד;
שאפנדיק קאַפּיטעס, הירזשען און גרייטן זיך
שטייען געזאַטלטע פערד.

און אין דער ווייטעניש לויטער און קלינגנדיק
הערט זיך די שטים פון טראָמפּיים;
דאָס האָט זיך דאָס לעבן, די וועלטן פאַרזינגענדיק,
טאַנצן געלאַזט מיט׳ן טויט.

# כאַאָס

אַ וועלט האָט זיך אין מיליאָנען פייער
ווי אַ ראַקעט אין מיטן־נאַכט צעשאָטן, —
אַ שפּיל פון ליכט און שאָטן;
אַן אויסגעשריי פון אָנגעשטרייגטן ווילן,
אַן אויפברויז פון געדאַנקען און געפילן;
אַ נעבל פון צעשפּרייטע בלויזע פייערן —
פון ווייטן און פון ליכטיקן אַמאָל;
געזאַנג פון פולע ברענענדיקע שייערן;
געשריי פון טאָל צום באַרג, פון באַרג צום טאָל.
געהייליקטע פיגורן לאַנג־פאַרשטאָרבענע
אין אייביקייטן — רעדער־דרייעריי;
און טראָגנען, קרעאַטורן שווער־דערוואָרבענע,
צעשווימען זיך ווי וואָלקן־שפּילעריי,
פאַר מיר צוואַנציק־יאָרהונדערטיק־כאַאָטיש,
פאַר מיר דעם וואוילן יונג דעם דאָן־קיכאָטיש.
עס שרייט צו מיר אַן אַלטע וועלט פאַרשווינדנדיק
אין גלאַנץ פון שאַרפן דימענטענעם גלאָז, —
איך — אין דער מיט — די אַלטע־נייע וועלט פאַרבינדנדיק
אין אייביקן, אין זוניקן כאַאָס.
אַ קלוגנ געטאָן האָט צייט אין גלאָקן ריזיקע,
אַ פּאָך געטאָן אין לופטן מיט׳ן שווערד;
אַ מכשפה טאַנצט אויף מעסערס שפּיזיקע,
אַ גאָט פאָרט אויף אַ ברענענדיקן פערד.

# זינגט אַ שטויב

זינגט אַ שטויב דאָס ליד פון לעבן צו אַ שטויב אַ צווייטן ;
טיפע אָטעמס פון די ברוסטן בלאָזן אין די פלייטן ;
אונטער נאַכט ווערט טאָג געבוירן, אונטער טאָג׳ס געוועבן,
טרייט דער טויט מיט טויזנט קולות אין דעם גלי פון לעבן.

ווייטע־ווייטן, שטילע דאַ־זיינס פלאַטערן צוזאַמען,
לעבעדיקער אומרו נישטערט איבער אַלע ימ׳ען ;
אָפגרונטן פאַרצווייפלט שרייען צו דעם בלאָסן אויבן,
נעכטנס — אויגן צו די מאָרגנס קוקן דורך די שויבן.

נים געוועזן און וועט ניט קומען, איז פאַרשפאַרט צו האָפן ;
אומבאַמערקט דורך טיר און פענצטער איז די רו אַנטלאָפן.
האָט די אומרו אויפגעריגלט אַלע טירן־ריגלען,
און גענומען איבער וועלטן פאָכן מיט די פליגלען.

ציען הענט אַרויף צו הויכן, פאַלן אין דער נידער :
אויף צעווייניטע אינסטרומענטן פויקט די אומרו לידער ;
פויקט צום טאַקט פון אויפגעגליטע תאוה׳דיקע לייבער,
מיט אַ ריזיקן נצחון שווינגט די האַנט פון טרייבער
צום געבערן, צו דעם ווערן, און צו דעם ניט־ווערן,
וועלכער שרייט מיט טויזנט קולות איבער אַלע ספערן.

# טראָפּייען

עס בויען זיך צייטיקע טעג אויס אין בריקן פון דורות־טראָפּייען,
וואָס סטאַרטשען אַנטקעגן דעם וועלט־גאַנג ווי האָרבן אויף אייביקייט'ס פּלייצעס;
מיט שטאָלענע פינגער־סקעלעטן האַלט אומקום די דראָטענע לייצעס,
און פירט באַרג אַרויף, באַרג אַרונטער די דורות־טאָפּייען אין רייען.

די קראַפט פון אַ שמשון, וואָס האָט באַ אַ זונה אין שוים זיך פאַרהוליעט
דאָס וויסטע געוויין פון אַן איוב וואָס האָגלט אַריבער די יאָרן,
דאָס קראַנקע געבעט פון גאָט, וועלכער האָט זיינע כוחות פאַרלאָרן,
און טרויערט אויף אייביקייט'ס וועגן צום האַרץ פון דער וועלט צוגעטוליעט,

דאָס זיינען מיר יונגען פון איצטער, און זינדיקע זקנים פון מאָרגן
וואָס טראָגן דעם טויט און דאָס לעבן אין אונזערע גלידער פאַרבאָרגן.

# אונזרע טעג

אז ווײ איז אונז אלע.
מיר האבן אלײן דאך דעם גהינום אריבער די קעפ זיך געצויגן,
מיר זײנען אלײן דאך געגאנגען אין אפרונט מיט אפענע אויגן;
מיר האבן אלײן דאך באגראבן פון דורות די רו און די פרײדן,
איצט וועט שוין ניט העלפן קײן װײנען, און ס׳וועט שוין ניט העלפן קײן הײדן.

אז ווײ איז אונז אלע.
מיר האבן מיט אײגענע הענט אונזער ריזיקן אומגליק באשאפן,
מיט גוטע כונות פארשמיט זיך אין אײזערנע קײטן פון שקלאפן:
און דאס וואס געזאגט האט דער נביא פארשפעט האבן מיר און פארשפינן,
איצט זײנען מיר אלע געבליבן אין אפגרונט פארשפיגענע ליגן.
איצט גײען מיר אום ווי אבלים — א דור פון פריצײטיקע זקנים,
און שילטן אי זיך, אי דעם צווײטן, אי גאט, אי דעם טײוול אינאײנעם;
איצט זײנען מיר אלע, אז אויסנאם, געווארן א דור פון נביאים,
וואו נאר די קערסט זיך — א נביא; וואו נאר דו טרעטסט — א משיח.

אז ווײ איז אונז אלע.
אויף אונז וועט שוין קײנמאל ניט רוען פון דורות דער ליכטיקער וואונדער;
אויף אונז איז געפאלן די קללה פון יעטווידן נביא באזונדער;
מיר האבן אויף ליכטיקע ווערטער, אויף גוטן, געענטפערט מיט בײזן,
אונז וועט שוין קײן נביא ניט טרײסטן, אונז וועט קײן משיח דערלײזן.

# מ י ר.

וואָס מיר זיינען, זיינען מיר, —
אָבער אַז מיר וועלן קומען
מיט די פויקן, מיט די פלייטן,
אַלטע וועלטן אָפּצוטויטן,
נייע וועלטן צוצוגרייטן
אין דעם זון־פאַרגאַנג פון דורות,
וועלן בליצן שווערדן־שאַרפן,
וועלן ים׳ען שטיינער וואַרפן,
וועלן פליען קעפּ פון אַקסלען,
ביז עס וועט דאָס גרוי פון לעבן,
ווי דער קוימען־רויך ניט־ווערן,
וועט איר וויסן, וועט איר הערן
ווער מיר זיינען, וואָס מיר זיינען.

וואָס מיר טוען, טוען מיר, —
אָבער אַז מיר נעמען שווינגען
מיט׳ן האַמער און צו זינגען
דאָס געזאַנג פון טויט און לעבן,
הויבן גלאָקן אָן צו קלינגען,
הויבן אָן צו רוישן קוואַלן,
הויבן ווענט אָן איינצופאַלן;
הויבן אָן צו ריידן שטיינער,
קלייבן זיך צוזאַמען ביינער,
און פאַרמירן אין געשטאַלטן,
טאַנצן אויס דעם סוף פון אַלטן
גרויען לעבן אויף דער וועלט.
הויבט זיך אָן די ערד צו וואַקלען
ווי באַם גאַסן־דאַך דער שיכור,
ביז עס וועלן נעמען שטיקער
אָפּצופאַלן און ניט ווערן,
וועט איר וויסן, וועט איר הערן
ווער מיר זיינען, וואָס מיר זיינען.

# מומיעס

מומיעס — דורות־אינוואַלידן,
אויסגעַ׳חלום׳טע באַגריפן;
שטומע עדות פון די נעכטנס,
שפּיגלען פון דעם היינט און מאָרגן;
ניט־דער׳חלום׳טע פאַרלאַנגען
איינגעפרעסט אין שטיין און פלאַסטער,
שרייען
פון די ווענט און ווינקלען:
— ס׳איז אַ ליגן!
— ס׳איז אַ ליגן!

דורך די טירן און די פענצטער,
דורך די שפּאַרינעס און שפּאַלטן,
קייקלט דאָס געשריי פון מומיעס
זיך אַוועק אויף אַלע גאַסן,
איבער אַלע וועגן,
איבער אַלע ים׳ען,
צו די אויערן פון דער וועלט.

דערהערן די פידלען פון דער וועלט,
דערפילן די פידלען פון דער וועלט,
און הויבן אָן ארויסצואוויינען
אין דער נאַכט אריין,
אין דער וועלט אריין
דאָס געוויין פון אַלע דורות.

הערן די ווינטן פון דער וועלט,
און טראָגן זיך אַוועק אין אַלע ווייטן,
צו דערוויינען דאָס געוויין פון אַלע צייטן.
הויבן זיך ארויף צו אַלע טורעמס,
רירן אָן די צונגען פון די גלאָקן,
הויבן אָן די גלאָקן אַלע רעווען
ווי אַ סטאַדע הונגעריקע לייבן;
רייסן שטיקער נאַכט אראָפּ און וואַרפן
אין די טיפענישן פון די ים׳ען,
אין די טיפסטע ווינקלען פון דער וועלט.

אָבער די אויערן פון דער וועלט
זיינען מיט הויכע טורעמס פאַרשטעלט;
איבער דער טיף פון איר האַרץ רעוועס שיפן,
שניידן די באַנען די שטאָלענע טיפן;
יאָגן די אַטאָמס ווי פייל פונ'ם בויגן,
בריקן — ווי אָדערן בלויע צעצויגן.

קוימענס וואָס פייפן, און קעסלען וואָס קאָכן,
זינגען דאָס גרויסע געזאַנג פון נצחון;
ביז ס'וועט אין מומיען־כאַר דורך די ספערן
נאָך אַ געשריי פון אַ מת זיך דערהערן.

# דאָס געוויין פון דער וועלט

עס וויינען די ביימשן, וואָס פאַלן אויף לאַסטיקע פּלייצעס פון קנעכט,
ווי ס׳וויינען די מידע קלאָונען פון אונטער די מאַסקן באַם שפּילן;
דאָס אייביק ניט־זיין וויינט אַראָפּ פון געצערטלטע דאַמען־פּראָפילן
ווי ס׳וויינט דאָס פאַרגיין פון געבורט אין די תאווה׳דיק־פינצטערע נעכט.

אויף פליגלן פון ווינט פאַכט דער גאָרנישט אַריבער דער ערד,
און שפּאַנט זיינע ווינטיקע בריקן פון איין דור איבער צום צווייטן;
די נישטיקייט פויקט אין די פויקן און פייפט אין די גלעזערנע פלייטן,
און סווישטשעט מיט ביימשן פון פייער אויף שטאָלענע רוקנס פון פערד.

ס׳וויינט גרוי־ערד אויף צו דעם הימל; ס׳וויינט הימל אַראָפּ צו גרוי־ערד,
אין שטומען פאַרגליווערט שווייגן באַם אויסטויש פון צייטן אויף צייטן, —
מיט אָפענע מיילער פון מאָנסטערס שלינגט חלל פון נאַקעטע ווייטן
די נעכטיקע יונגען, און היינטיקע זקנים מיט זילבערנע בערד.

און איבער דעם אימפּעט פון דורות, וואָס יאָגן אין ווילדן געלאַף,
פאַרבאָרגן באַוויינט דאָרטן ערגעץ אַ הילפלאָזער גאָט זיין באַשאַף.

# ניו יאָרק

רויט־ליפּיקע, שוואַרץ־אויגיקע שאַנסאָנעטקע,
געזאַנג פון לייכטזין און קאַפּריז,
פון עלעקטרי און פאַרבן;
עס איז דיין טאַנץ — דער טאַנץ פון הונגעריקן וואָלף
אַרום אַ גוסס'דיקן שאַרבן.

פון אונטער דיין פּליושענעם מאַנטל
ווייַנט דיין פאַרשוועכטע נאַקעטקייט אַרויס;
אין די אויגן דיינע ליגן שטיקלאַך זון פון פּאַרלאַשענע;
עס הויבן זיך די פּיס דיינעם צום אַל־פאַרכאַפּנדיקן דזשאַז,
און דיינע גלידער בייַנקנדיקע ציען זיך
צום וואַלץ פון „טיף־בלויען דונאַי".

אין דיין אינגעווייד וויינט דער העלענער
זיין געוויין פון אַמאָל געוועזן;
און רוים פּויקט אויס דיין צעזאָרטום אין דיר.
עס טרויערט אויס דער ווילדער אַפריקאַנער
זיין שוואַרצן טרויער צו דעם פרייען מדבר;
דער רוס בייַנקט אויס זיין „מאַטושקאַ ראַסיאַ"
בּאַ די ברעגן פון דיין אייביק־יונגן האַדסאָן;
עס זינגען דיינע גאַסן אָוועדטיורעס
פון רויטער בייַנקשאַפט נאָך דער גליענדיקער זון.

איבער די רוקנס פון מעטאַלענע פערד
פּאַכן פייערדיקע בייטשן;
אויף ריזיקע פליגלען טראָגן זיך בלייערנע פויגל —
שווערע געדאַנקען אין אַ גיגאַנטן־קאָפּ.
עס טראָגן דיינע נעכט די לאַנגווייל פון אַ וועלט
וואָס שוימט אַרויס פון ליידיקע באָקאַלן
אַרום די רייצנדיקע טישן.
אויף טויטע אינסטרומענטן קלאַפּן לעבעדיקע פינגער,
און זוכן דאָס באַדייט פון ניט־דערזאָגטן וואָרט;
און פרייד און מעלאַנכאָליע צוזאַמען
לאָזן זיך אַוועק אויף דיינע גאַסן,
און מישן זיך אַריין
אין דעם געוויין פון דיינע נאַכטיקע בראָדוויאַגעס.

רויט־ליפּיקע, שוואַרץ־אויגיקע שאַנסאָנעטקע,
מיט דעם געבוי פון קערפּער פון אַ ריז,
און מיט דעם טרויער פון צען וועלטן אין די גלידער!
אָפּט וויל איך צו דיר אַ שריי טאָן —
מאַמע! —
איך בין אַ שטיק פון דיינע לעבעדיקע נעכט,
און דיינע טעג פאַרשוואַרצטע באַ דער פּראַצע;
איך בין אַ שטיק פון דיינע טומלדיקע גאַסן,
פון ווילדן אימפּעט, וואָס פּויקט אויס דער וועלט
די ריזיקייט פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

מיך האָבן אויסגעוויינט די שטיינער פון דיין ברוק,
און מיך אַריינגעוויינט
אין כאָר פון דיינע גאַסן־אָוועריטיורעס;
מיך האָבן אויסגעשריען
די שטומע ווענט פון דיינע מויערן,
און מיך אַריינגעשריען
אין לויף פון דיינע וואָכעדיקע טעג,
איך זאָל דאָס שפּילצייג זיין פון דיינע גאַסיקע אָרקעסטערס.

און אַמאָל וועל איך, ווי דו,
און טויזנטער פאַר אונז,
אין איבערפּלוס פון גרויסע ווילנס פּלאַצן,
און ווי שטיקלאַך שפּיגל־גלאָז
זיך וואַלגערן
אונטער די פיס פון די קומענדיקע טעג.

# וויין, דו וועלט

אַז די פייערדיקע בייטשן וועלן אויפהערן צו פּאַלגן
אין די הענט פון בראַווע שווינגער אין דעם סאַמע ברען פון קנאַלן;
און מיט ברענענדיקע פּאַסן רויט ווי אָנגעגליטע אייזנס,
ווי די דרעשערס אויף די גאַרבן אויף די שווינגערס לייבער פאַלן;
וויין, דו וועלט, אויף פלייש געקנאַכטן
וואָס האָט בייטשן אויסגעפלאָכטן.

אַז עס וועלן זיך די ציגל איינס צום צווייטן מער ינט קלעפּן;
אַז די האַמערס אויף מעטאַל־קעפּ וועלן מער ניט וועלן שווינגען;
אַז די שטיינער אויף די ברוקן וועלן מער ניט וועלן ליגן,
און די צונגען וועלן מער ניט אין די גלאָקן וועלן קלינגען;
וויין, דו וועלט, אויף דור־געלאָפּן
וואָס האָט האַמער־גלאָק באַשאַפן.

אַז די ערד וועט מער ניט וועלן אויסשפּייען פון זיך די שפע,
און פון הימלס אייטער וועט זיך אויפהערן צו מעלקן רעגן;
אַז די נאַכט וועט מער ניט נאַכטן און דער טאָג וועט מער ניט טאָגן,
און די גויט וועט אין די פּויקן האַמערן אויף אַלע וועגן;
וויין, דו וועלט, אויף בלוט אויף רויטן
וואָס האָט אויסגעשמידט די גויטן.

אַז די ים'ען און די ברעגן וועלן מער ניט וועלן ליגן,
און עס וועלן נעמען שפּייען זיך מיט פייער אַלע ספערן;
אַז עס וועט דער בלינדער חלל אויפעפענען זיינע מיילער,
און די האַנט, וואָס האָט באַשאַפן, וועט זיך נעמען צום צעשטערן;
וויין, דו וועלט, אויף ערד צעעסן,
וואָס האָט זיך אָן גאָט פאַרגעסן.

# װערטער

עס גליִען די װערטער װי פֿונקען אין קאַכיקע קעסלען,
און בלײַבן אַזױ ניט דערזאָגטע אַהינטער די בײנערנע שטאַנגען;
עס װײנען פֿון אונטער די ברוקן צעשװאָונגענע װילנס,
און בלײַבן װי װיסטע מעת־לעת׳ן אין אײביקײט׳ס שטאַנגען געפֿאַנגען.

עס טשעפּען זיך װײזערס אַן װײזערס װי הינט מיט די צײן אַן אַ קנאָכן,
און קענען ניט האַלטן צוריק די צעװילדעטע דורות־געלאָפֿן;
ע ס שװינגען די הענט פֿון די בױערס אַנטקעגן די הענט פֿון באַגראָבערס,
און מישן דעם ליים מיט׳ן װאַסער, און קענען ניט עפּעס באַשאַפֿן.

סמאַל, איך שטײ אין דעם שאָטן פֿון דײַנע צעהאַנגענע פֿליגלען,
אין זילבערנעם שטױב פֿון מײַן טאַטנ׳ס צעשמעטערטן גלױבן;
און האַמער אױס אײַזערנע יאָרן און ליכט פֿון אַ נײַעם פֿרימאָרגן,
װאָס װעלן צעשװימען װי אָװנטיק זונליכט אױף שױבן.

# אַ חלוש — אַ גאַט

אויף אַ בערגעווע האָלץ האָט אַ חלוש אַ גאַט זיך געהאַנגען,
און ווען נאַכט איז געקומען, אין קאַלטן פֿאַרגליווערטן פֿיין
זיינען אויגן — צוויי קאַלטע לבנות — אַריבער די דעכער געהאַנגען.
און אין האַרץ פֿון דער וועלט ווי אין בעכערס געגאָסן פֿאַרגליווערטן שיין.

אויף צעמאָלענעם גלאָז איז דער גרויסער דערלייזער געגאַנגען,
און אין פֿינצטערע נעכט אָפּגעלאָפּן מיט בלוט אויפֿ'ן ווענ;
שטייט מאַמע געשיכטע אין שוואַרצן און האָגלט מיט שטומע געזאַנגען
פֿון אומקום, וואָס פֿאַלן אויף ליכטיקע קעפּלאַך פֿון עופֿה'לאַך טעג.

אויף דעם שפּיץ פֿון דעם שווערד וויינט דער טויט, וואָס וויל שטאַרבן און
קען נים,
אויפֿ'ן ראַנד פֿונ'ם בעט וויינט דאָס לעבן — אַ הוילע שטיק רויט, —
און איך ברען מעת־לעת'ן אין וויסטן מעטאַלענעם גלי און פֿאַרברען נים,
און זינג זיך מיט שטאָלענע פֿויסטן אַריין אין די ספֿערן פֿון טויט.

# שוימיקע לעבנס

דער אָפּפאַל פון שוימיקע לעבנס — אַ הערבסטיקע רויז אַ פאַרוועלקטס;
דערשעפּטע די שטאַרקע געטראַנקען, צעבראָכענע ליגן די לאָגלען;
די האַנט פון דעם צוואַנציקסטן דור־גאַנג בייטשט פלאַמיק ווי פלאַמיקע האָגלען,
אַריבער דעם ריזיקן קערפּער, דעם הינטישן קערפּער דער וועלטס.

פון אונטער צעוואָרימטע אָדערן טליעט די זינד אַ פאַרשטעלטס, —
דער שוואונג פונ'ם איצטער, דאָס איז דאָך דער שוואונג פון אַ ריז פאַר'ן פאַלן, —
פון איין האָריזאָנט ביז צום צווייטן דורך וועלטישע אָדער — קאַנאַלן
אַריבער דעם טומל ווײנט אומעט, מיין אומעט, דער אומעט דער וועלטס.

אויף טונקעלע שטיקער געשיכטע דער רויב־פויגל צערטלט זיין רויב,
דער אויבנאויף זינגט סערענאַדן אויף בערגלאָך פון ווערטער־אַנאַלן, —
און מיר וואָס מיר זיינען געקומען פון שטויב און מיר גייען צו שטויב,
מיט זוניקע תּפילות וואָס קלינגען פון שפּיצן פון ליים־קאַטעדראַלן;
מיר טראָגן אין אונזערע בלוטן האַלבלעבן — אַ רויז אַ פאַרגעלטס,
און זינגען אַרויס אונזער ריזיקן אומעט, דעם אומעט דער וועלטס.

# צען געבאָט

אַז אַ פֿייקל געטאָן האָט די ערד אין איר אייגענעם בויך,
האָבן פּיס זיך צעטאַנצט, זיך צעפּאַכט אין דער לופֿט
האָבן הענט;
אין אַ ווינקל פֿון וועלט האָט דער הייליקער אָפּגאָט געוואַרט,
און פֿון אָנהויב פֿון וועלט ביז צום סוף האָט דער אייביקער
פֿייער געברענט.

און אַז איינמאָל אַ טאָג האָט דאָס אַ פֿלאַקער געטאָן
איבער זודיקער ערד, איבער רויט, איבער תאווה'דיק לייב;
האָט אַ צאַפּל געטאָן זיך דאָס שאַרף פֿון דער שווערד
אין דער שייד,
ווי די תאווה באַם מאַן בא דעם אָנקום פֿון נאַקעטן ווייב.

האָט דער אָפּגאָט געזאָגט: איך צינד אָן אַלע פֿינצטערע
נעכט;
כ'וועל דערהויבן דעם טאָל צו דעם באַרג, איך דערנידער
דעם באַרג צו דעם טאָל;
האָט סמאל די פֿליגלען אַ פּאָך געטאָן איבער דער וועלט,
און מיט נאַקעטע פּיס זיך צעטאַנצט אויפֿ'ן שאַרף
פֿונ'ם שטאָל

האָבן בלייערנע פֿינגער אויף לײדיקע צימבלען געקויפּט,
האָבן דורשטיקע העלזער נעגאָסן די שטאַרקע געטרייַנק;
אין זיין נאַקעטער שאַנד האָט זיך אדם אַנטפּלעקט פֿאַר
דער וועלט,
האָט זיך חוה צעטאַנצט ווי אַ זונה אין ביליקן שיינק.

פֿונ'ם שפּיץ קאַטעדראַל האָט געקלונגען דער אייזערנער גלאָק,
האָט געוויינט דער מאָנאַך, און אַ שוואַכער, צעבראָכענער נאָס
איז געזעסן אַליין אין זיין איינזאַמען הימל־יסוד
און מיט פֿייער אויף אייזערנע לוחות געקריצט צען געבאָט.

# די לעגענדע פון דער חרוב׳ער וועלט

און אַז דער נביא האָט גערעדט,
זייגען אַוועק די ווערטער זיינע מיט׳ן ווינט;
און אַז ער האָט געבעטן זיך, ווי ס׳בעט
אַ מאַמע זיך בא׳ם קינד:
ווי לאַנג? —
עס האָט שוין דאָך דערגרייכט גאָט׳ס צאָרן ביז׳ן ברעג;
און גאָט איז דאָך ניט מערער, ווי אַ גאָט,
און האָט אויך אַ געדולד,
און לאַנג איז שוין זיין־האַרץ געוואָרן איבערפולט.
און דאַן האָט ער גענומען ריידן האַרבע רייד:
אַז שטאַרבן וועט איר ניט מיט אייער טויט;
אַז ס׳וועט אַרונטערלאָזן זיך אויף אייך
די גליענדיקע רוט,
און יעדער זונענשטראַל וועט שטעכן אייך
ביז בלוט;
און יעדער רעגן־טראָפּן
וועט פאַרוואַנדלט ווערן אין אַ שטיין,
און פאַלן וועט עס שווער אויף אייערע קעפּ,
און פרעסן וועלן די לייבער אייערע
די הונגעריקע הינט, די וועלף אין וויסטן סטעפּ.

און אַז עס האָבן ניט געהאָלפן זיינע רייד,
האָט ער גענומען ווינשן זיך דעסטויט: —
אַז בעסער וואָלט ער אויסגעגרונען אין׳ דער מאַמע׳ס בויך,
צו אויסגיין און ניט ווערן ווי אין ווינט דער רויך;
אַז בעסער וואָלט זיין צונג שוין צוגעוואַקסן
צו דעם גומען,
נאָך איידער גאָר ער האָט דאָס נביא־וואָרט פאַרנומען.

אַז גאָט האָט דאָס דערהערט אַזעלכע רייד,
האָט ער געגעבן אַ באַפעל דעם טויט
די גאַנצע וועלט מיט איינמאָל חרוב מאַכן, —
און פון דער ווייט האָט זיך דערהערט אַ לאַכן,
ווי ס׳וואָלטן מיליאָנען דונערן זיך צעשפּילט.
דאָס האָט דער אשמדאי, פון גרויס הנאה, ווילד
געלאַכט פון אים, דעם האַר פון אַלע וועלטן,
וואָס סוף כל סוף האָט ער די וועלט פאַרנומען,

און איז צום שכל הישר צוגעקומען.
האָט דאָס וואָרט זיך
פאַרשפּרייט
ווי אַ האָגל
אין פעלד,
און געטראָפן
האָט עס
ווי אַ דונער
דער וועלט.

אַז עס האָט דער טויט גאָט׳ס וואָרט פאַרנומען,
האָט ער צו דער אַרבעט זיך גענומען;
האָבן אָנגעהויבן בליצן מעסער שאַרפן,
האָבן ים׳ען זיך גענומען פון די ברעגן וואַרפן.
האָבן שטורעם־ווינטן זיך גענומען יאָגן,
און די בשורה איבער גאָר דער וועלט צוטראָגן.
און אַז ס׳איז די זון אָן ליכט
און לופט געבליבן שטעקן;
און אַז ס׳האָבן וואָלקנס פינסטערע
פון אַלע עקן
אויף דער וועלט גענומען זיך צעשפּרייטן,
און ס׳איז פינסטער מיט אַמאָל געוואָרן
ווי אַ נאַכט אין תשרי;
האָבן זיי דערפילט דעם נביא׳ס קללה,
און עס האָט זיך אויפגעהויבן אַ יללה
ווי פון הונגעריקע וועלף אין ווילדע וועלדער;
און ביז וואַנזין האָט די פינסטערניש געשטאָכן
ווי מיט נאָדלען זייערע לייבער;

וואַנזיניקע האָבן מענער אויסגעקוילעט
זייערע ווייבער,
און צעשטיקט האָבן די טאַטעס
זייערע קינדער,
און צעריסן זיך אַליין די גאָרגלען;
ביז ס׳איז קיינער מער ניט אויף דער וועלט געבליבן.
זיינען אויפגעשטאַנען מתים פון די קבֿרים,
און מען האָט פאַרליינגט אַן אָרעם אויף אַן אָרעם
און אין ווילדע קאַראַהאָדן און אין רינגען

האָבן זיי גענומען זיך צו טאַנצן און צו זינגען
אריבער די ראַנדן פון דער חרוב'ער וועלט:

אַט אַזוי איז וואויל און פיין,
און אַזוי געמוזט האָט זיין.

ליגן מיר שוין לאַנגע יאָרן
און מיר פוילן אין דער ערד,
ווייל מיר האָבן דורך די דורות
דאָס געבאָט פון גאָט פאַרהערט.

ווייל מיר האָבן, לייכטזיניקע,
דאָס גרויס וואָרט זיינס ניט דערפילט,
האָבן מיר דערפאַר, מיט איינמאָל,
די און יענע וועלט פאַרשפּילט.

דורות לאַנגע אַז מיר ליגן
איינגעלייגט אין טיפן שלאָף;
איצטער קומען מיר דערטאַנצן
פון דער וועלט דעם גרויסן סוף.

איצטער קומען מיר דערזינגען
פון דער וועלט די לעצטע שעה, —
ס'איז אַמאָל אַ וועלט געוועזן,
און די וולט איז מער ניטאָ.

און אַז עס האָבן שוין די לעצטע מעסער־שאַרפן
צעשניטן אַלע אָדערן פון דער וועלט,
האָבן אויפגעהערט די ים'ען זיך צו וואַרפן,
האָבן אויפגעהערט די שטורם־ה[illegible]ן זיך צו טראָגן,
און די וואַלקנס זיינען זיך צוגאַנגען,
און אַ ליכטיקע האָט זיך די זון באַוויזן,
האָט פון אַ קערנדל ארויסגעשפּראָצט
אַ נייע וועלט:
און אויף אַ דערבייאיקן בוים
האָט אַ פויגל אַרויסגעזונגען
דער ניי־געבוירענער
די לעגענדע פון דער חברוב'ער
וועלט.

## בא די שוועלן מיינע

באַ די שוועלן מיינע
ליגט ער אַ פּאַר׳חלש׳טער
דורך די טעג אַזוי
און דורך די נעכט.
און די טיפע קנייטשן זיינע,
אַ פאַרזיגלטער,
רוט דער גורל פון דער וועלט.
און די ליפּן
מורמלען עפּעס אומפאַרשטענדלאַך,
ווי דאָס וואָלטן דורות איבערגעבן
זייער איבערלעבעניש,
נאָר די אויגן זיינע
אין די טיפע לעבער
ברענען אַזוי צער־און־צאָרנדיק,
ווי גהינום׳ס וואָלטן דאָס אין זיי גערוט.
ליגט ער באַ די שוועלן מיינע
אַ פּאַר׳חלש׳טער,
און היט אָפּ מיין יעדן טראָט,
מיין יעדן ריר;
און ער הויכט אין מיר אַריין
אַ מאָדנעם אָטעם־צוג
וואָס הייסט
ניט לעבן און ניט טויט.

אַז עס ווערט מיר פיינלאַך שווער
דאָס שוויַיגן זיינס,
הויב איך זיך אָן בעטן:
זאָג עפּעס! —
רעדט ער ניט, נאָר הייסט מיר טיף אַריינקוקן
אין די אויגן זיינע
ברענענדיקע.
קוק איך אין די אויגן זיינע
שעה׳ן לאַנג,
הויב איך אָן דערקענען
ס׳פייערל פון מיינע אויגן
אין זיין בליק;
זע איך יעדן ציטער פון די נערוון מיינע
אין זיין בלוט.
און איך זע זיך ליגן אַ פּאַר׳חלש׳טן
באַ׳ם איינענעם שוועל,

מיט די טיפע, קלוגע קנייטשן
אויפ׳ן שטערן,
מיט דעם זעלביקן גהינום־פייער
אין די אויגן.
שריי איך אויס אין ווילדער אימה:
זאָג ווער ביסטו? ! —
גיבן זיך די באַקן־ביינער זיינע
אַ צעפּיר פאַנאַנדער
אין אַ קלוגן שמייכל:
איך בין דו.

אַז זיין שמייכל טוט אַ ווײַ
מיט די ווייטסטע ווייטן,
נעמען פון דער טיפעניש
וויקלען זיך די צייטן.
קלאָר און קלערער הויבן אָן
פינצטערנישן ווערן;
הויבן אָן זיך ברייטערן
האָריזאָנטן, ספערן.
טויטע ווילנס הויבן אָן
ווידער זיך באַוועגן;
אַלטע ים׳ען נעמען זיך
וואַרפן פון די ברעגן.
ס׳איז דער שמייכל פון אַ וועלט
וואָס גייט אויס אין צאָרן,
און אין שווייגנדיקן אַנגסט
ווידער ווערט געבאָרן.

און אַז ער האָט אַראָפּגעלייענט פון מיין פּנים
דאָס פאַרוואונדערונג
וואָס האָט געמוזט דאָס זעלבע זיי ווי יענעם׳ס
וועלכער האָט צום ערשטן מאָל דערזען
אַ ליכטיק
און אַ פינצטער ווערן, —
האָבן אָנגעהויבן זיינע ליפּן זיך באַוועגן,
און עס האָט דער רויש פון אַלטע וועלדער
זיך צעטראָגן אין דער לופטן;
און עס האָבן טויזנט־יאָריק אַלטע דעמבעס
אָנגעהויבן זייער שווייגן צו דערציילן:
און עס האָבן שטיקער אייביקייטן
אָנגעהויבן פאַלן פון זיין מויל:
— פאַר מיינע אויגן האָבן זונען זיך פאַרלאַשן,

און וועלטן האָבן אויסגעהויכט דעם אָטעם.
געזען האָב איך, ווי ס'האָבן אויסגעטריקנט ים'ען,
און איך אַליין באַלייט האָב געטער צו דער קבורה.
געקלונגען האָט מיין קול אין קלויסטער־גלאָקן,
און אין דעם תפילה'דיק געזאַנג פון די לוים;
איך בין געווען דער קעניג און דאָס פאָלק;
איך בין געווען דער שטראָפער און באַשטראָפער;
איך בין געווען דער נביא און דער ווידערשפּעניגער;
און טויזנט מאָל האָב איך זיך אויסגעלייזט,
און האָב זיך יעדן מאָל אַליין
צוריק אין שקלאַפן־מארק געטריבן.
עס איז פון שטאָל געווען געבויט מיין קערפּער,
און איבער וועלטן האָט גע'שמ'ט
מיין גבורה און מיין רום.
געצאַמט האָב איך די ים'ען אין די ברעגן,
געפאַנגענע האָב איך געהאַלטן שטורם־ווינטן
אין די היילן.

או ןאַז עס האָט איין פאָלק
דעם צווייטן אָנגעגריפן,
האָב איך געפירט
די קעגנזייטיקע אַרמייען;
אַליין געווען דער פירער
און געפירטער;
און אין מיין לייב
געשטאָכן האָבן שווערדן,
און איך אַליין האָב מיט מיין שווערד
די קעפּ פון העלדן טויזנטער געקעפּט.
אַליין געווען דער זיגער
און באַזיגטער.
און ווען עס האָט אַ שיכור פאָלק
פאַר מיינעטוועגן
אויסגעטורמט טעמפּלען און מזבחות,
און מיר געבראַכט די געטער פאַר קרבנות;
האָט מיך אַן אַנדער פאָלק
געטראָטן מיט די פיס,
געברענט מיך אין די פייערן פון גהינום,
געצונדן די אַלטאַרן,
און שטיקער פון מיין פלייש אויף זיי געוואָרפן;
געריסן מיר די נאָגלען פון די הענט,
און צו דעם צלם צוגענאָגלט מיך, —
ביז ס'איז דאָס בלוט פון מיינע אָדערן אַנטלאָפן.

און זיך צערונען
איבער גאָר דער וועלט;
מיין בלוט — וואָס טראָגט אין זיך
דעם דורות־סם,
געמישט מיט וואונדערלאַכער היילונגס־קראַפט פון געטער,
און קוים האָב איך
אַ בלוטלאָזער דערשלעפּט זיך
דורך פינצטערניש,
דורך נאַכט
צו דיינע שוועלן,
און אַ פּאָר׳חלש׳טער געבליבן ליגן
מיט אָט דאָס פּייערל אין מיינע אויגן,
ביז ס׳וועט זיך אָט דאָס פּייערל צעברענען,
צעפלאַקערן, און אונטערצינדן וועלטן.

לויפט דאָס בלוט אַוועק אויף אַלע וועגן,
צו די קומענדיקע טעג אַנטקעגן;
שיכור׳ט אָן די לופטן פון דער וועלט,
טרינקט אָן אַלע וואָרצלען פון דער ערד.
ווערן טראָגעדיק די לופטן
מיט אַ ניי־געבוירן קינד;
כאַפּט עס אויף פון לופט דער ווינט,
טראָגט די נייס אַוועק צו ים׳ען,
און די ים׳ען צו די שיפער,
און די שיפער צו די היטער
פון די בייזע קאַטעדראַלן;
הויבן אָן די שופרות שאַלן,
הויבן אָן די גלאָקן קלינגען,
און די שוואַרצע כאָרן זינגען;
נעמען בלויע בלוטן קאָכן,
הויבן שווערדן אָן צו פּאָכן,
און עס הויבן קעפּ אָן פאַלן.

וואָס טויג דאָס פאַלן פון די קעפּ,
וואָס טויג דאָס קלינגען פון די גלאָקן;
אַז קוקנדיק אויף זיך אַליין
האָט זיך די גרויסע וועלט דערשראָקן.
און שרייט אַרויס אי רשטומען ווי
צו אַלע הימלדיקע ספערן;
און זינקט אין שטומען ווייי־געשריי
אַריין אין אייביקן ניט־ווערן.
און דאָס וואָס דאַרף זיין, דאָס וועט זיין;

די האַנט וועט בויען און צושטערן;
און אינ'ם ווילדן וועלט־געשריי
דאָס נײַ־קינד וועט געבוירן ווערן.

און ווי עס פאַלן פון זײַן מויל אַזוי די ווערטער,
דערהערן זיך פון ווײַטן פויקן קלאַפּן,
דערטראָגן זיך די קולות פון טרומייטערס,
הויבט אָן זײַן יעדער אבר זיך באַוועגן,
קלייבט ער צונויף זײַן לעצטן ביסל כח,
און שטעלט צוריק זיך אויף די פיס אַנדער,
און רופט צונויף די טעג וואָס האָבן קיינמאָל
זייער נישטיק לעבן ניט דערלעבט;
און קלייבט צונויף די נעכט וואָס האָבן
די חלומות ניט דער'חלום'ט,
און עס הויבט זיך אָן אַ מאַרש אַ ווילדער
איבער אַלע וועגן פון דער וועלט:

דורך טאָג און נאַכט, דורך ווינט און שטורם,
אַריבער ים און באַרג און טורם,
זאָל קלינגען אונזער גרויס געזאַנג
פון אויפגאַנג און פון אונטערגאַנג.
מיר קומען לעבן אונזערע לעבנס
וואָס זײַנען פאַר דער צײַט אַוועק,
דורך שווערד און פײַער, נויט און הונגער,
דורך פּײַן און מורא'דיקן שרעק.
מיר קומען אָפּטאָן אונזער אַרבעט
וואָס איז געווען באַשטימט צו טאָן;
מיר קומען מאָנען דין וחשבון,
און אויג פאַר אויג, און צאָן פאַר צאָן.

דאָס בלוט אונזערס טראָגט סם און היילונג,
ס'איז שאַרף און גלאַנציק אונזער שווערד, —
און איר, וואָס האָט אונז ניט פאַרגינען
דאָס לעבן אונזערס אויף דער ערד,
וועט ווערן אָפּגעווישט פון וועלטן
דורך אונזער בײַנערדיקער האַנט;
און אײַערע טורעמס וועלן בלײַבן
אַ וויסטע לעבערדיקע וואַנט,
וואו יעדער הונט וועט טאָן זײַן אַרבעט,
און יעדער שרץ וואָס ער דאַרף,
ביז ס'וועט דער לעצטער קאָפּ זיך קייקלען
אין בליאַסק פון אונזער מעסער־שאַרף.
מיט פּויק און טאַנץ דורך ווינט און שטורם,

איבער ים און בארג און טורם,
זאָל קלינגען אונזער גרוים
פון אויפגאנג און פון אונטערגאנג.

אין ווילדן טאנץ פון נעכט און טעג
הויבט אָן צו וואקלען זיך די ערד
ווי פאר׳ן אונטערגאנג;
און ווי בא א שיכור׳ן
הויבט אָן צו דרייען זיך דער קאָפּ
בא אים — וואָס איז געלעגן
בא די שוועלן מיינע,
און וואקלט זיך און פאלט צוריק,
און קוים וואָס זיינע ליפּן שאָקלען זיך!
עס איז נאָך ניט געקומען יענע צייט...

קייקלען זיך אוועק די ווערטער
איבער טראָטוארן;
אָבער טויב זיינען די אויערן
בא די בלינדע נארן;
רויכערן דעם אלטן ווייררויך
ווייטער די אלטארן.

רגע׳ס פאָרן זיך מיט רגע׳ס,
וואקסן אויס די צייטן;
פלינקע גאלאָפּירן צייטן
צו די אייביקייטן;
הונגעריקע אייביקייטן
שלינגען איין די צייטן.

ביז עס וועט דער בארג פון דורות
זיך א קייקל געבן;
און צעפּיצלען ווי די שפּינוועבס
אלע צייט־געוועבן;
און פארקניפּן איינס און אייביק
וועט ער טויט און לעבן.

# פ י נ אַ ל

פליסטער, פליסטער,
גאָלד־געזוימטע זשיראַנדעלן,
ווייכע, נאַכטיקע טאַפּעטן;
דאָס געזאַנג פון אייביק־וועלן,
שטיל פון זוניקע געבעטן.

ווייכע, דינע פינגער גלעטן
ביז פאַרוויגנדן ניט־וועלן;
שטילע לידער פון פּאָעטן
פליסטער, פליסטער
בײַ די מידע שוועלן.